



# א נאָמען וועט שוין זײַן

וועגן דער שטאָט פּערוואָברוד פֿריער און אצינד. — וועגן דער
ווירקונג פֿון דער רויטער ארמיי מיטן פּאָלימקאָם שטראָם־דער־
וואסערשטורצ. — וועגן די דרײַ באַלעגופֿים: בורשע, בארשעה,
און באָריישע און — וועגן א נײַעם נאָמען.

געווען איז אין פּאָדאָליע א שטעטל מיטן נאָמען „פּער־וואָברוד". פּלעגן דאָרטן אַלע אײַנוווינער ארומגיין פֿאר־קאטערט א קײַלעכדיק יאָר קעסיידער. די שטאָט האָט גע־שעמט אַף דער וועלט מיט אירע בלאָטעס. דער הויפּט־פּלאצ ארום די קלייטן פּלעג אפילע אינמיטן זומער זײַן אויסגע־פּוצט מיט דרײַ־פּיר גרויסע, האלב־צוגעטרוקנטע קאַליוזשעס, ווו סע ליגן זיך בא האלב טוץ כאזיירים מיט זייערע קליינע כאזיירימלעך און פראווען א דאטשע אָדער א לימאנ.

איז מיילע. אויב א פּאָר כּאַזיירים ניט קיין קולטורעלע ווילן האַנאָע האָבן פון אזא קריטיקער דאַטשע, וואָלט מען זיי עס עפּשער געקענט פאַרגינען, ווען ניט דער פאַרזשאַ־ווערטער געשטאַנק, וואָס טראָגט זיך פון די עטלעכע צע־פּריעטע קאַליוזשעס אינמיטן שטאָט. אָ, דאָרט צעטראָגן זיך רייכעס מאַמעש צום דערשטיקט ווערן!

אָבער די מענטשן אין פּערוואָבּרוד האָבן זיך שוין צו־געוווינט צו אַזעלכע זאַכן און זיי האָבן זיך גאָרניט פאַר־געשטעלט, אַז סע קען געמאָלט זיין ערגעץ א לאַנד, אָדער א שטאָט, ווו מענטשן זאָלן אַרומגיין אָן א קאַטער און אָנ־שטאָט דער בלאָטע מיטן געשטאַנק זאָלן גאָר בליען סעדער און ס׳זאָל זיין ריין און ציכטיק און דופטיק און פריש...

יאָ. וואָס ריכטיק איז ריכטיק: די פּערוואָבּרודנער לייט האָבן טאַקע ניט געוווּסט, אַז סע קען אַמאָל אַנדערש זיין. זיי פלעגן זיך נאָר כידעשן פאַרוואָס קען זיך בא זיי קיינ־מאָל קיין לערער ניט איינהאַלטן און א דאָקטער, אַז ער קומט צו זיי אַראָפּ, פאַרוואָס אַנטלויפט ער פון זיי אפן צווייטן טאָג.

ווייטער האָבן זיי ניט געוווּסט פאַרוואָס לאָדט זיי קיי־נער ניט איין זיי זאָלן קומען ערגעץ צו געסט. פאַרקערט. אַז א פּערוואָבּרודנער שטאָטמאַן פאָרט ערגעץ אַרויס, קעדיי זיך באַקאַנען מיט לייטן און אַביסל אויסקוקן א וועלט, איז אומעטום שיקט מען אים אַרויס אַנטקעגן א דעלעגאַ־ציע מיט אזא מין אויסרייד:

— זייער כאָשעווער גאַסט פון פּערוואָבּרודו! מיר בעטן אײַך אָפּ וויַיטער — (איידל גערעדט הייסט עס: — איר זאָלט זיך אָפּטראָגן אַביסל וויַיטער פונדאַנעט!), — וואָרעם אַז איר זיַינט נאָך געווען פאַר זיבן מײַל פון אונדזער שטאָט, האָבן זיך שוין בּאַ אונדז אָנגעהויבן צעטראָגן די זיסע רייכעס (בּאַהיט זאָל מען ווערן!), וואָס איר פירט נאָך זיך נאָך...

און אַז דער פּערוואָבּרודנער שטאָטמאַן ווערט בּאַ זיך ניט געפאַלן און קערוועט אָפּ צו אַ צווייטער שטאָט, גייט מען אים דאָרטן אויך אַרויס אַנטקעגן (בּאַ אַלע דעלעגאַטן זיַינען די נעזער אַרומגעבּונדן מיט וויַיסע טיכלעך און פאַרשטעקט מיט אַפּטייטשנער וואַטע) און ווי זיי דערזעען דעם פּערוואָבּרודנער שטאָטבּאַלעבּאָס פאַר פופציק אָדער הונדערט שפּאַן, שטעלן זיי זיך אָפּ און רופן אויס הויך אָפּ אַ קאָל:

— זייער כאָשעווער בּירגער פון פּערוואָבּרודו! מיר בּעטן אײַך אָפּ וויַיטער!!! אונדזערע נעז זיַינען נאָך ניט צוגעפּאַסט צו די איידעלע רייכעס, וואָס איר צעפירט. קערט זיך אום, זײַט אַזוי גוט, אָפּ צוריק. אײַער שטאָט פאָרן מיר קעסייר דער אַרום פאַר זיבן מײַל, טאָ טוט מיט אונדזער שטאָט אויך דאָס אייגענע. מיר האָפן, אַז איר וועט אָפּ אונדז קיין פאַריבל ניט האָבן, ווײַל מיר אַכטן אײַך גראָדע זייער פיל, נאָר פונדערוויַיטנס. דאָס הייסט, אָפּ אַ היפּשן מעהאַלעך.

אזוי האָט עס געדויערט לאַנג, לאַנג. און די פּערוואָ־בּרודנער ליַיט פלעגן זיך רויִק ארומגיין מיט די פאַרדריי־פּעטע מאַנטלען און פאַרקאַטערטע נעז, זיי פלעגן ארומ־גיין אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט בּיז די רויטע ארמיי האָט אַנומעלטן, ווען זי האָט געטריבן די וויַיס־פּאָליאַקן פון דער סאָוועטישער ערד (דאָס איז געווען צו־ריק מיט וואָסערע 15 יאָר) ניט געדאַרפט דורכגיין דורך דער בּארימטער שטאָט פּערוואָבּרוד.

און אַז די רויטע אַרמייער האָבּן דערהערט וואָסערע זיבּן מיַיל אונטער פּערוואָבּרוד, ווי ס׳האָט אַ שלאָג געטון פון דאָרטן מיט זייער בּייזע רייכעס, האָט זיך איטלעכן אויסגעוויזן: ניט אַנדערש, אַז דער סוינע איז ערגעץ נאָ־ענט און ער לאָזט פאַנאַנדער שטיקנדיקע גאַזן.

האָט מען די רעגע אויסגעריכט אַ גרופּע אויסשפּירער פון 12 מאַן. די אויסשפּירער האָבּן צוגעגרייט די קעגנגאַז־מאַסקעס און האָבּן זיך אַ לאָז געטון דורך די הינטערוועגן קיַין פּערוואָבּרוד. דאָרטן האָבּן זיי זיך גליַיך דערוווּסט, אַז דער סוינע איז דאָ נאָענט ניטאָ און די שטיקנדיקע, בּייזע רייכעס נעמען זיך גאָר פון אַן אַנדער קוואַל, האָבּן זיי בּאַלד געכאַפּט פּערד און זיך אַוועקגעלאָזט צוריק אין פּאָלק.

אָבּער אַזויוי אַזעלכע רייכעס, וואָס שלאָגן פאַר זיבּן מיַיל אין נאָז אַריַין איז זיי נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו בּאַגעגענען, האָט דער קאָמאַנדיר צונויפגערופן דעם אַק־

טיוו פון זײַן פאָלק און זיי האָבן אַפּ גיך אָפּגעהאַלטן א באראטונג... אַפּ דער אָ באראטונג האָבן זיי אָנגענומען א באַשלוס, אַז... שטינקעכץ, קויט און אומרייניקייט זײַנען פײַנט פון דער רעוואָליוציע און מע דאַרף קעגן זיי קעמפן, ווי קעגן יעדער קאָנטער־רעוואָליוציע.

האָט מען אויסגעשטעלט א ראָטע רויטארמייער אונטער דער אָנפירונג פון דעם קאָמאנדיר וועק־די־פוילע און, אין דער באַגלייטונג פונעם פּאָליטקאָמיסאַר, דעם געבוירענעם פראנצויז שטראָם־דער וואסערשטורץ.

אַלע האָבן זיי אָנגעטון קעגנגאַז־מאסקעס און ווי זיי זײַנען אַרײַן קיין פערוואָרוד, אַזוי האָבן זיי אויסגערופן, אַז מע בעט אַלע אײַנוווינער זיי זאָלן זיך אופקלײַבן אַפּ א מיטינג.

וואָס עמעס איז עמעס. לאַנג רופן האָט מען פאַרשפּאָרט, וואָרעם די פערוואָרודניקעס האָבן זיך באַשײַמפערלעך דערפרייט, וואָס זיי האָבן דערזען פרישע מענטשן בא זיך און נאָך וועלכע מענטשן — עמעסע, פײַערדיקע רויטארמייער, מיט הייסן און קאַלטן געווער, מיט קעגנגאַז־מאסקעס, מיט קעסעלעך, מיט העקעלעך, מיט לאָפּעטעס און מיט א גאַנצן גאַנג פײַערלעשער־קישקעס. קורץ — יעדערער מיט וואָס צו אים געהער.

ס'האָט זיך צונויפגעקליבן די גאנצע שטאָט פערוואָרוד, די מיידלעך האָבן זיך געהאַלטן נעענטער צו די באָכרים, די קינדער האָבן ניט אָפּגעטראָטן פון זייערע מאַמעס, די באַלמעלאָכעס זײַנען געשטאַנען אין רעדלעך, יעדערער

לויט זייַנ פאַכ אונ מ'האָט זייער פּריילעכ אונ איבעראשט געפּלאפּלט. פּלוצים זייַנעז אלע מיטאמאָל געוואָרנ שטיל, ווייַל ס'זײַנען אָנגעקומענ פונ דריַי פארשיידענע זײַטנ די עלצטע דרײַ באלעגופים פונ שטאָט:

בורשע
פאָנ־פרעמדהענט,

בארשעוו
פאָנ־פרעמדשווייס,

אונ באָריישע
פאָנ־פרעמדבלוט.

בא איינעמ איז די באָרד ביזנ גארטל די לײַנג אונ ער האָט א פולע קעשענע מיט געלט. באמ צווייטנ איז די באָרד ביז די קני די לײַנג אונ בא אימ זײַנענ בײדע קע־שענעס פול מיט געלט. באמ דריטנ איז די באָרד די לײַנג ביז די כאָליעוועס, נאָר פארדריפּעט איז זי ביז ארופ אונ געלט האָט ער גאנצע טאָרבעס.

די גאנצע צײַט זײַנענ אָט די דרײַענ געזעסנ אונ גע־שוויגנ, נאָר אז זיי האָבנ דערהערט ווענג א גוט לעבנ פאר אלעמענ, (דער קאָמאנדיר וועק־די־פוילע האָט געזאָגט „ווער סע ארבעט, דער עסט" אונ דער קאָמיסאר שטראָמ־דער וואסערשטורצ האָט געזאָגט, אז אומרײנקײַט איז א פײַנט פונ דער רעוואָליוציע), איז בורשע (פאָנ־פרעמדהענט) אופגעשטאנענ, האָט א וויש געטונ די באָרד אונ אויסגערופנ:

— איך ברויך נישט!

בארשעוו (פאָנ־פרעמדשווייס) איז אופגעשטאנען, האָט זיך א פאטש געטון בא ביידע קעשענעס מיט געלט אונ אָפּגעזאָגט:

— איך דארפ נישט!

אונ באָריישע (פאָנ־פרעמדבלוט) האָט א טרייסל געטון מיט דער געדיכט־צעוואקסענער ברעמ. די בלוט איז אימ ארייַנ אינ פּאָנעמ ארייַנ אונ ער האָט א הייזערדיקנ הוסט געטונ מיט דער גאנצער לאנגער באָרד:

— איך הייס ניט!!!

— ווער זייַנען זיי עס די פארשוינענ? — האָבנ די פייַער־דיקע רויטארמייער א פרעג געטונ.

— וואָס הייסט ווער? — די פערוואָברודנער לייַט האָבנ זיך אזש פארכידעשט, — דאָס זייַנען דאָך די כאָשעווסטע דרייַ שטאָט־באלעבאטימ: בורשע — דער זייפער, בארשעוו — דער מילנער, אונ באָריישע — דער פאכטער.

— מיט וועמעס הענט ארבעטנ זיי? — פרעגט דער קאָמאנדיר.

— מיט אונדזערע, פארשטייט זיך. — האָבנ אלע געענט־פערט אונ די מיידלעך אינ די ווינקלענ האָבנ א כיכע גע־טונ, וואָס פרעמדע מענטשנ אונ זיי ווייסנ שוינ אזוי גיך וואָס דאָ טוט זיך.

— אונ וועמעס גוטס עסנ זיי? — פרעגט דער קאָמיסאר.

— אונדזערנ, פארשטייט זיך, — האָבנ אלע געענטפערט.

און די באָכרימ בא די זײַטנ האָבנ א מאַכ געטונ מיט די פויסטנ: — כ־כאָ!

— טאָ פארוואָס זשע מיינט איר, אז זיי זײַנענ כאָשעווע לײַט? — האָבנ די רויטארמייער אויסגערופנ. — גאנאָווימ איז זייער נאָמענ אונ שויג.

— עפּעס אלצ הייסט גאנאָווימ? — האָבנ די שטאָטלײַט געענטפערט. — זינט פערוואָברוד איז א שטאָט זײַנענ נאָכ אזעלכע גאנאָווימ ניט געהערט געוואָרנ.

האָבנ די רויטארמייער אפּ קאטאָוועס געגעבנ א קנאק מיט די ביקסלעכ, איז בורשע צוגעפאלנ פאר דערשרעק צו דער ערד, בארשעוו האָט זיכ אופגעבויגנ אינדרײַענ און באָריישע האָט נאָר א ציטער געטונ און איז געבליבנ זיצנ, קעדיי מע זאָל אפּ אימ גאָרניט ניט דערקענענ.

אָבער וואָס קומט ארויס יאָ דערקענעג, ניט דערקענענ, דאָס גוטס האָט מענ בא זיי אָפּגענומענ, ווײַל ניט זיי האָבנ אפּ אימ געהאָרעוועט און זיי האָט מענ דערוויַל אנידער־געשטעלט טראָגנ דאָס מיסט פונ די גאסנ.

און דער קאָמאנדיר וועק־די־פוילע האָט מיט זײַנ גלענצנ־דיקער רעדע אזוי צעווארעמט דעמ אוילעמ, אז אלע פערוואָ־ברודנער אײַנוווינער האָבנ בא זיכ אויסגערופנ א זעלבסט־מאָביליזאציע און מע האָט א כוידעש נאָכאנאנד גערייניקט די שטאָט מיט די פאָרשטעט.

מע האָט זיכ באוואָרנט מיט לאָפּעטעס, מיט בעזימער און מיט העק.

מע האָט געגראָבן גריבער בײַ די זײַטן גאַס, אױף אָפּ־פירן די אומרײניקע װאַסערן.

די זומפּן האָט מען געטרוקנט.

די גאַסן צעברוקירט.

די בריקן פֿאַריכט.

די װעגן פֿאַרטראָמבירט.

דערנאָך האָבן פּופּציק באַכרים און פּופּציק מײדלעך, די קאַמע געזונטע זיך גלײַך אַרומגעציכטיקט, אַרומגע־צװאָגן, זײ זײַנען דורכגעגאַנגען אַ מעדיציניש אונטערזוך און זײ האָבן זיך דערפֿרײט, אױך, װי דערפֿרײט, װען מע האָט באַפֿרידיקט זײער ביטע און זײ אַרײַנגענומען אין דער רױטער אַרמײ.

די רױטאַרמײער האָבן אָװעקגעמאַרשירט װײַטער און פּערװאָבראָד האָט זיך אָנגעהױבן צו לײַטערן און זיך אַרומפּוצן.

ניט אַזױ גיך טוט זיך עס, װי סע רעדט זיך, נאָר ס'איז אַװעק אַ יאָר און אַ יאָר. פּערװאָבראָד האָט זיך אױסגעע־טריקנט, פּערװאָבראָד האָט אײַנגעפֿירט בײַ זיך װאַסערלײ־טונג, קאַנאַליזאַציע, עלעקטרישע באַלױכטונג. מע האָט אױסגעבױט אַ באָד, אַ קלוב, אַ טעאַטער און קײַן פּערװאָ־בראָד האָבן זיך אָנגעהױבן לאָזן אַרבעטער פֿון אַנדערע שטעט אױך אױף מיטהעלפֿן דער בױונג.

איצטער, אַז די פּערװאָבראָדנע לײַט גײען נאָכן אַרבעטס־טאָג אין קינאָ אַרײַן און דער סעאַנס האָט זיך נאָך ניט

אָנגעהויבן, גייען זיי ארויס אין די סעדלעך ארום קינאָ און ארום דער טריבונע, זיי זעצן זיך אויס אף די בענק אין די אלייען און זיי הערן די קאָנצערטן פון די פויגע־לעך און ריידן פון פאָליטיק און פון וועלט־זאכן. זיי קוויקן זיך מיט די געשמאקע רייכעס פון די בלומען, וואָ־רעם די בעזער זייערע האָבן זיך שוין פאר דער צייט אויס־געהיילט פון די קאטערס און זיי פארנעמען שוין יעדן גוטן רייעך, זיי אונטערשיידן איין רייעך פונעם צווייטן און פילן אין דעם א טאם. קורץ, ס'איז שוין ניט יענער פערוואָברוד, וואָס איז געווען. מענטשן קומען אהער פון ראיאָן און פון דער געגנט, אסאך פאָרן פון דאנעט אין דער גרויסער שטאָט... איין זאך נאָר... אז מע פרעגט בא א פערוואָברודנער פונוואנעט ער איז, שעמט ער זיך אויס־זאָגן דעם פולן נאָמען פון זיין שטאָט און ער ענטפערט מיט א שטאמלען:

— איך בין אליין ע־ע־ע, פון פערווע... ארום קאמענעצ. עפשער האָט איר געהערט אזא שטאָט.

איז ער הייסט עס „פון פערווי"...

און ער איז עפשער גערעכט אויך. ווייל ס'זיינען דאָך, אייגנטלעך, פאראן אלערליי „פערוועס" אף דער וועלט.

און אויב זיי זיינען אמאָל טאקע עפשער געווען פערווע ברוד, אָבער איצט זיינען זיי — פערווע ציכטן און קולטור־רעלע בירגער, און ס'איז טאקע גאָרניט בייטיק, זיי זאָלן זיך אזוי לאנג האלטן מיט אזא אלטן און קויטיקן נאָמען

ווי „פּערוואָבּרוד”. מע וועט דארפֿנ בּעטנ דעמ שטאָטראט, מע זאָל דעמ נאָמענ בּײַטנ. עפּשער אפֿ „וועק־די־פּוילע” — דער נאָמענ פֿונעמ רויטנ קאָמאנדיר, וואָס האָט צוזאמענ מיט זײַנע רויטארמייער דאנ געמאכט די איבּערקערעניש אינ שטעטל. קורצ — מירנ זיכ שוינ ווי עס איז אנ אייצע געבּנ. אבּי מיר האָבּנ דערלעבּט. די שטאָט זאָל זײַנ א שטאָט — א נאָמענ וועט שוינ זײַנ!..





# געסט

מ׳האָט שוינ איַנדערפרי געקערט די גאסנ און איצט קערט מענ נאָכאמאָל. מוסיע זאָגט, אז געסט דארפנ קומענ צופאָרנ און מאָסיע זאָגט: — „געסט, געסט" קיינער דארפ הייַנט ניט קומענ! איכ ווייס בעסער!"

מוסיע מיט מאָסיענ זייַנענ נאָכ קליינע לאפעטוטנ און זיי וווינענ אפ איינ גאס, א שטוב אנטקעגנ א שטוב. גייַנ ווייַט לאָזט מענ זיי ניט אליינ דערפאר, וואָס זיי קאָנענ נאָכ פארבלאָנדזעט ווערנ און ניט קענענ טרעפנ צוריק אהיימ.

לאָזט מענ זיי נאָר אראָפ מוסיענ פונ צווייטנ שטאָק און מאָסיענ פונ פינפטנ, זאָלנ זיי זיכ שפילנ לעמ שטוב. לעמ שטוב מעג מענ.

מוסיע מיט מאָסיענ זייַנענ ביידע איניינעמ אלט עלפ

מיט א האלבן יאָר. מוסיע אליין איז אלט זעקס און פאר מאָסיען בלייבן די איבעריקע פינף מיט א האלבן. זאָגט מוסיע, אז געסט דארפן קומען און מאָסיע זאָגט — „געסט־שמעסט־פּרעסט־פּעסט! קיינע געסט דארפן ניט קומען, ער ווייסט בעסער". שטייען זיי און קוקן ווי מ'האָט צוגעפירט צום קאָאָפּעראטיוו א פור מיט הירזש. מאָסיע זאָגט, אז ער קען זיך אָנהענגען אָן וואָגן, ווען ער וויל און מוסיע זאָגט, אז זאָל ער נאָר פּרווון, גייט זי און רופט שוין ארויס דעם פורמאן. אזוי ווי זיי שטייען און ריידן: מאָסיע זאָגט, אז ער וועט זיך אָנהענגען אָן וואָגן און מוסיע זאָגט, אז ניין, מאָסיע זאָגט, אז נאָר יאָ און מוסיע זאָגט, אז נאָר ניט, דערזעען זיי א אופגעלויפ איבער זייער גאס אזוי ווי פון וואָקזאל גייענדיק. אר־וואו! וואָס דאָרטן טוט זיך!

מוסיע, אז זי דערזעט אומגעריכט א שיינע זאך, פאר־מאכט זי פון ס'ערשט ביידע אויגן, פארשטעלט זיי מיט ביידע הענטלעך און קוועלט אָן פאר פרייד.

מאָסיע, אז ער דערזעט א שיינע זאך טוט ער גארניט, נאָר ער לאָזט זיך טייקעף אהין לויפן.

און געלאָפן איז ניט איין מאָסיע, די גאנצע שטאָט איז געלאָפן קוקן. אלע־אלע סיי עלטערע, סיי יינגערע גייען נאָך און הערן ניט אויף צו קוועלן.

— איי שיין!

— איי א קאָמעדיע!

— אָט דאָס זיינען געסט אביסל!

און איך בין דאָרטן אויך געווען, האָב איך ניט פאַר־שטאַנען, וואָס מײַנע אויגן זעען: א גרויסער באַרג רוקט זיך פון סאַמע פאָרנט, די פאַרב א גרויע. נאָכן באַרג רוקט זיך נאָך א גאַנצע לאַנגע שורע פורן. אף די פורן שטייען אַלערליי און ס׳לויפן נאָך מענטשן, קינד און קייט, יונג און אַלט.

— ווער איז? וואָס איז? — זאָג איך צו זיך אַליין. ביז איך וויש אויס די אויגן און דערזע, אז דער באַרג איז ניט קיין באַרג, ס׳איז א העלפאַנד, א לעבעדיקער העלפאַנד, א „קינד" פון ווײַטן אינדיען מיט א לאַנגער, לאַנגער נאָז און מיט צוויי אויערן פון ביידע זײַטן גרויסע ווי די זעק. לעם דעם העלפאַנד גייט א קעמעלע, מיט א הויקערל און מיט א פיצינקער מאָרדעלע און אז דאָס קעמעלע גייט דוכט זיך, אז א שיפעלע פאָרט. ס׳וויגט זיך און ס׳וויגט זיך, ניט ס׳גייט, נאָר ס׳שווימט.

דאָס קעמעלע האָט גוטן וואָל אף זיך און דער העלפאַנד (ווײַ, ס׳א געזונטער, ס׳א גראָבער, ס׳א גרויסער!) האָט ניט קיין וואָל אף זיך און ס׳איז אים קאַלט ווינטער־צײַט אין אונדזערע לענדער, האָט אים דוראָוו באַשטעלט בא א שנײַדער א פאַלטאָעכל. גייט דער העלפאַנד אינעם פאַל־טאָעכל און די שטאָט לויפט אים נאָך. אַלע ווייסן שוין, אי קליין, אי גרויס, אז דוראָוו איז געקומען. דוראָוו מיט זײַן גרויסער מישפּאָכע איז דאָ. האָפּ־האָפּ! לאָמיר לויפן קוקן, האָפּ־האָפּ, לאָמיר לויפן זען!

און ווער ס׳גייט אין גאס, צי ער איז פארנומען, צי ניט, אז ער דערזעט די גרויסע שערענגע ציַען זיך, בלײַבט ער שטיין, דערנאָך נעמט ער שמייכלען, דערנאָך נעמט ער נאָכגיין.

איינער אַן אַלטינקער האָט זיך אַזוי פאַרקוקט אַף די כײַעס, אַז ער איז פאַרקראָכן מיט אַ צעעפנט מויל אַפן מיט גאַס ביז אַ מאַשין איז אָנגעפאָרן — טו־טו, טו־טו! טרעט אָפּ דעם וועג. און דער אַלטינקער איז פאַרטאָן — ער הערט ניט. פּלוצים באַצו! אַן אָקס האָט פאַרטשעפּעט דעם אַלטינקען פאַר אַ פוס און אים אָפּגעוואָרפן אָן אַ זײַט. דער אַלטינקער האָט זיך איבערגעקײַקלט ווי אַ מיאַטשיקל עטלעכע מאָל איבערן גאַס אַזוי שיין, אַז אַלע זענען ביסאַכאַקל, אַז סע האָט אים גאָר ניט געשאַדט.

אָבער דאָך שרײַען אַף אים אַנדערע, לעמײַ קוקט ער ניט וווהין ער גייט.

ווער ס׳לאַכט און ווער ס׳שרײַט, אָבער דער אַלטינקער האָט קײַן צײַט ניט ענטפערן. ער איז גיך־גיך אופגעשטאַנען, זיך אָפּגעטרייסלט און גענומען אָניאָגן דעם מאָדנעם צוג.

סאַמע פונפאָרנט גייען דער העלפאַנד מיטן קעמעלע. צופוס גייען זיי און פאַמעלעך, באַרוט, מ׳זאָל זיך גאָר אָנהויבן אײַלן. דערנאָך פאָרט אַ שערענגע כורן: אַף די פורן פאָרן הינט, בערן, פעליקאַנען, יאַמ־לייבן, פלעדערמײַז, כאַזיירימלעך, מאַלפּעס, קעץ און ווער נאָך איר ווילט.

א גאנצע גאס אינ דער לענג פארנעמענ די פורנ. אלע פאסאזשירנ אינ די שטייַגנ שווייַגנ אונ באקוקנ דערווייַל די שטאָט אונ נאָר איינ הונט א געלערנטער ווייסט ניט, צי זאָל ער זייַנ פרייִלעכ, אָדער אומעטיק. האָט ער זיכ אני־דערגעשטעלט בא דער סאמע גראטע אונ ארויסגעשטעקט די ראבע מאָרדע אפנ דרויסנ אונ זיכ צעהאווקעט איבער דער גאנצער גאס: האוו אונ האוו אונ האוו־האוו־האוו.

מוסיע מיט מאָטיען האָבנ גאָר אלײנ ניט געפילט, ווי אזוי זיי לויפנ נאָכ מיט איטלעכנ נאָכ די געסט: זיי ווילנ אָנקוקנ אי דעמ, אי דעמ. אָבער דער העלפאנד מיטנ קע־מעלע זייַנענ דאָכ פונ סאמע פאָרנט, גלוסט זיכ דאָכ אפ זיי אויכ קוקנ אונ, ווענ זיי קענענ זיכ אָפשטעלנ באמ סאמע עק וואָלטנ זיי געזענ ווי ס׳גייענ דאָרט אייזעלעכ אונ מוציקלעכ אונ הערשנ אונ לאמעס, — אלע גייענ זיי מיט די פיס אונ דוראָווס באהעלפער גייענ נאָכ זיי נאָכ, וואָרומ אנדערע זייַנענ דעמ ערשטנ מאָל דאָ אינ קיִעוו, וועלנ זיי דאָכ ניט וויסנ אלײנ וווהינ צו גיינ.

לעמ דעמ העלפאנד מיטנ קעמעלע גייענ אויכ דוראָווס באהעלפער אונ, אז זיי גיבנ א ריר מיט א האנט דעמ העל־פאנד פאר זייַנ גרויסנ שנוק, ווייסט ער וווהינ צו גיינ. רעכטס, לינקס, אויב ניט איז גאָר גלייַכ.

איבער רויטארמייער אונ וואָראָווסקיס גאסנ זייַנענ זיי אלצ געגאנגענ גלייַכ, גלייַכ, גלייַכ ביז קארל מארקס גאס ווו דער צירק איז דאָרט, אהינ האָט מענ פארק׳רעוועט.

דער ראבער הונט, דער געלערנטער, הערט ניט אוף צו האווקען האוו־האוו־האוו. עפשער בארימט ער זיך אזוי, וואָס ער ארבעט אין צירק בא דוראָוון.

ערשט אז מע האָט צענומען די שטייגן און מ'איז פארפאָרן מיט אלעמען אין צירק, אין הויף אריין, זיינען זיך די מענטשן אלע צעגאנגען און מוסיע מיט מאָסיען האָבן דערזען, אז זיי זיינען אפ א פרעמדער גאס צווישן פרעמדע הייזער. מאָסיע איז צוגעגאנגען צו מוסיען און זי גענומען פאר א האנט, אָבער וווּהין גיין ווייסן זיי ניט. ארופ צי אראָפּ, רעכטס אָדער לינקס.

— נו!??????

דעם אדרעס אפ אויסנווייניק האָבן זיי דאפקע געוווּסט, אָבער זיי זיינען דאָך אזוי ווייט פון דער היים. די פיס טוען וויי, עסן ווילט זיך. די בעזער זיינען פארפרוירן און ס'איז זיי גאָר מיטאמאָל געוואָרן קאלט.

פלוצים דערהערן זיי אנטקעגן זיך, ווי א באקאנטע שטים פרעגט בא זיי:

— נו??????

די כעוורע הויבן אוף די אויגן און דערזעען: מוסיעס טאטע גייט מיטן פאָרטפעל פון דער ארבעט. דאָס ערשטע מאָל, אז מוסיע זעט אפ אזא ווייטער גאס, ווי אזוי איר טאטע גייט פון דער ארבעט. איז געוואָרן אפ די קינדער א סימכע, א פרייד.

מוסיעס טאטע האָט געקויפט די קינדער צו לעקעכ־

לעכ, זיי ארופגענומען ביידנ אפנ טראמוויַ און מענ פֿאָרט.

אסאכ מענטשנ ריידנ אינ טראמוויַ פֿונ די כייַעס און מוסיע רופט זיכ אָנ צו מאָסיען:

— אהא, אָבער איכ געזאָגט ס׳דארפֿנ קומענ געסט הייַנט.

נאָר מאָסיע האָט רויִק דערקייַט זייַנ לעקעכל, דערנאָכ קוקט ער און קוקט, שווייַגט און שווייַגט, ביז ער רופֿט זיכ אָנ:

— פעטער, אָט דאָס, וואָס מיר האָבנ געזענ, איז ציר‌ק?





# דאָס קירבעסל און דאָס קאַווענדל

געלעגן איז אין גאָרטן איינמאָל אום זומער קליין קירבעסל לעבן גרויסן קירבעס.

דערציילט גרויסער קירבעס קליינ קירבעסלען:

— פון יענער זייט צוים ליגט דאָס דאָרף, פון יענער זייט דאָרף—דער וואלד, און פון יענער זייט וואלד איז די שטאָט. אין שטאָט איז די ערד א האַרטע—מיט שטיינער אויסגעבעט, דארף מען זיך דאָרטן היטן ניט אראָפּפאלן, ווען נישט—קען מען זיך נאָך דאָס בעקעלע צעקלאַפּן.

הערט זיך קליין קירבעסל אײַן און כאַזערט:

— איך׳ל מיר טאקע פאָרן אין שטאָט אריין!

קומט צוגיין דער גערטנער אין גאָרטן, בעט זיך קליין קירבעסל:

— פיר מיך, גערטנער, אינ שטאָט אריַינ. ווענ וועלנ מיר פאָרנ אינ שטאָט?

טוט דער גערטנער א גלעט קירבעסלענ פארנ בעקעלע אונ זאָגט:

— גוט, קירבעסל, מיר וועלנ פאָרנ אינ שטאָט, נאָר נישט היַינט. היַינט וועלנ פאָרנ די אוגערקעס, שפעטער אביסל — די פאפשויענ, די זונענ־רויזנ אונ נאָכדעם וועסטו שוינ פאָרנ מיט קאווענדלענ.

זעט קירבעסל — די אוגערקעס זיַינענ שוינ אוועקגעפאָרנ אינ שטאָט, די פאפשויענ קליַיבנ זיך פאָרנ.

— דערנאָך וועלנ זונענ־רויזנ אוועקפאָרנ, — בארימט זיך קירבעסל, — וועל איך שוינ פאָרנ.

דערוויַיל האָבנ זיך שוינ אָנגעהויבנ לאנגע נעכט אונ קאלטע. שפעט איז געקומענ די זונ וועקנ קירבעסלענ אונ זיך שפילנ מיט אים.

איינמאָל אינדערפרי כאפט זיך קירבעסל אופ.

ערשט דער גערטנער שטייט.

— אינ שטאָט אריַינ? — האָט זיך קירבעסל דערפרייט.

— אינ שטאָט אריַינ, — זאָגט דער גערטנער, — קאווענדל זיצט שוינ אפנ וואָגנ אונווארט אפ דיר.

זיצט טאקע קאווענדל אויבנאָנ. לעבנ אים — קירבעסלענ אוועקגעזעצט. ביידנ רויטע טיכעלעכ אָנגעטאָנ, דער שטויב זאָל זיך אפ זיי ניט זעצנ אונ מ׳פאָרט.

— אוועלכע בא דיר יאָדערלעכ? — פרעגט קאווענדל.

— וויַסינקע.— ענפערט קירבעסל שטילינקערהייט.

— און בא מיר,— זאָגט קאוונדל,— זייַנען די יאָדערלעך שוואַרצינקע.

פאָרט מען זיך אזוי און מע פאָרט. יעדער דורכגייער שטעלט זיך אָפּ, פארנייגט זיך, באגריסט זיי און קלערט צו זיך אליין:

— אָט ס׳ארא שיינע ליאלקעלעך ס׳פאָרן עס!..

איז טאקע געווען אן עמעס: פון יענער זייַט פלויט איז געשטאנען דאָס דאָרף: האָט מען דאָרטן די פערד אָנגע־טרונקען. פון יענער זייַט דאָרף — א וואלד: האָט מען דאָרט די פערד געפּאשעט. און פון יענער זייַט וואלד האָט אָנ־געהויבן טרייסלען אפּ די הארטע שטיינער, האָט מען שוין די גאָלדענע שפּיצן ארויסגעזען פון וועַטן און ס׳האָט אזוי געטרייסלט, אז מע האָט ניט געקאָנט אפן פור אייַנ־זיצן.

רוקט זיך צו קאוונדל נעענטער צו קירבעסלען און פרעגט אים:

— אוועלכע זייַנען בא דיר, קירבעסל, יאָדערלעך?

— וויַסינקע — זאָגט קירבעסל.

— טאקע? און בא מיר — שוואַרצינקע...

און ווי מען האָט זיך אָפּגעשטעלט אפן מארק, איז גע־קומען א ווייַבל, האָט איר דער גערטנער געגעבן אפּ איין האנט קירבעסלען. אפּ דער צווייטער האנט קאוונדלען און זאָגט:

— געדענקט, ווײַבל, איר זאָלט מיר קאָוונדלען און קירבעסלען אָפּהיטן.

— גוט — זאָגט דאָס ווײַבל.

האָבן זיך גענומען די קינדערלעך זעגענען מיט גערטנער:

— א גוטן טאָג, גערטנער! — זאָגט קירבעסל.

— א גוטן יאָר, קירבעסל־געלבעקעלע!

— א גוטן טאָג, גערטנער! — זאָגט קאָוונדל.

— א גוטן יאָר, קאָוונדל־גרינפּלייטשקעלע!

האָט שוין דאָס ווײַבל געוווּסט, ווי אַזוי מע רופט זיי. און איז אַוועק מיט קאָוונדלען און קירבעסלען אין שטוב אַרײַן.

זײַנען זיי געגאנגען איבער טרעפּ און איבער לייטערס. געגאנגען, געגאנגען און געגאנגען.

— מומע, שוין באַלד? — פרעגט געלבעקעלע.

— מומע, שוין באַלד? — פרעגט גרינפּלייטשקעלע.

— אָט שוין, — זאָגט דאָס ווײַבל — און האָט אָנגעקלונגען און אויפגעוועקט אירע קינדערלעך.

האָבן זיך די קינדערלעך גענומען פרייען מיט די געסט.

— מאַמע, ווי אַזוי הייסט דער? — פרעגן די קינדער.

— קירבעסל געלבעקעלע.

— און דער?

— קאָוונדל גרינפּלייטשקעלע.

האָבן זיי די קינדער גענומען קײַקלען איבער דער דיל און זיך שפּילן מיט זיי.

— נאָר דאָס נישט, — זאָגט די מאמע, — דער גערטנער האָט אָנגעזאָגט מע זאָל זיי אָפּהיטן.

האָבן באַלד די קינדערלעך אויסגעזוכט א ווינקעלע אין שטוב, זיי אויסגעבעט, בײדן שלאָפן באַלייגט. און אַליין זײַנען זיי אוועק קאַונדלען און קירבעסלען — מי־צעלעך נייען.

ליגן קירבעסל און קאַונדל אין מיטן שטוב אין ווינ־קעלע, רופט זיך אָן קאַונדל:

— בא דיר, קירבעסל, יאָדערלעך, זאָגסטו, ווײַסינקע?

— יאָ.

— און בא מיר — שווארצינקע.

